# בעסאַראַבער לידער

פון

דאַוויד סעלצער

באַצילונג: זוני מאוד



1937

פאַרלאַג „סאָראָקי"

ניו יאָרק



# באַ מיין וויג

באַ מיין וויג צוקאַפנס
פלעגט מיין מאַמע שפינען
און לולו-צויבערדיקן ניגן
אין מיין בלוט צעשפינדלען.
באַ מיין וויג צוקאַפנס
פלעגט מיין טאַטע אין באַגינען
מיט שער און אייזן זיך צעקריגן
און מיין האַרץ צעצינדן.

באַ מיין וויג צוקאָפּנס
פלעגט דער וואַלד זיך סטרונען
און ציטער־פלאַטערדיקן באַנג
דורך מיר צעטראָגן.
באַ מיין וויג צוקאָפּנס
פלעגן ווילדע פערד טאַבונען
דעם סטעפּ אין שטורעמדיקן דראַנג
דורך מיר צעיאָגן

באַ מיין וויג צוקאָפּנס
פלעגט דער דניעסטער קוועלן
זיין זוניק־ריזלדיקן רין
אין בלעטערדיקן טאָל.
באַ מיין וויג צוקאָפּנס
פלעגט זיך פּאַסטעך שטעלן
און דויערדיק און דין
צעשפּילן פּאַפּיאָל.

באַ מיין וויג צוקאָפּנס
האָבן ניי־מאַשינען
דעם נאָדל־פּאָדעמדיקן גאַנג
דורך מיר צעקלונגען.
באַ מיין וויג צוקאָפּנס
האָבן שניידער־יונגען
דאָס פרייד און לייד געזאַנג
דורך מיר צעזונגען.



# סאראָקי -
# באַם דניעסטער





# סאָראָקי — באַם דניעסטער

דעם אָנדענק פון די פינף דערשאָסענע
יוגנטלעכע, דעם 8טן יאַנואַר, 1932.

קליין שטעטעלע מיינס
באַ די ברעגן פון דניעסטער,
פאַרכאַלעשטע פראַכט
באַ די גערטנער פון רויטער אוקראַינע,
ס׳האָט דיין מאַמישער יעכץ
ביז ניו יאָרק דערטראָגן
דעם בלוטיקן רוף
פון פינף קיגדערלעך דיינע.

דרייצן

ס'האָט ווי ראַדיאָ־בליץ
זיך אין לופטן צעשניטן,
פון רומענישע ביקסן
דער נאַכטיקער שאָס,
און בלוט האָט באַשפּרינקלט,
און טויט האָט באַפלעקט
דעם שנייאיקן ברעג
דאָרט באַם טערקישן שלאָס.

און אַף יענער זייט טייך
האָט דער רויטער פּאַטרול
דורך פראָסט און דורך שטורעם
אַ שוידער דערהערט,
ווי עס ראַנגלט זיך
מיידלשער יאָמער אין טאָל
און אינגלשער פלוך
אין אַנגסטן זיך ווערט.

און געריסן האָט הארץ זיך
אַרויס פון דער ברוסט
און פינגער אין ביקס
אַף באַפעל האָט געוואַרט,
נאָר דניעסטער אַ פרעמדער
געגרעניצט האָט שפּרונג,
זיינען ווייען אין הארצן
געבליבן דערשטאַרט.

פּערצן

אַ, קליין שטעטעלע מיינס,
באַ די ברעגן פון דניעסטער,
כ׳האָב פון קינדוויים געכאַלעמט
באַזינגען דיין פּראַכט,
כ׳האָב אין הארצן געקליבן
דאָס שפּילן פון טרויבן,
כ׳האָב אין בליקן געזאַמלט
דעם צויבער פון נאַכט.

כ׳האָב אין בלוטן ספּאַלאָשעט
די סטעפּישע פרייד,
דאָס בלעזלען פון דאַינעס
און די לוסט פון פאַרניאַלעס.
כ׳האָב פאַרנומען ס׳געזאַנג
באַ דער שניידער מאַשין,
די זמירעס פון קאַמף
און דעם טרויער פון דאַלעס.

נאָר ווי קען איך איצט זינגען
עקזאָטישע לידער
אַז דער דניעסטער יאָגט בלוטיק
אַרונטער צום יאָם,
אַז דאָרט וואו פאַרזייעט
האָט מען קאָרן און טרויבן
שניידט מען איצט טויט
מיט שווערד און מיט פלאָם.

פופצן

נאָר ווי קען איך איצט שפּילן
ראַפּסאָדישע פליימן
אַז הארוגים נאָך ליגן
באַם דניעסטערשן ברעג,
אַז רויבער־וואַנדאַלן
פאַרוויסט האָבן סטעפּעס
און מען הערט קיין געזאַנג
אַף פעלד און אַף וועג.

אַ, קליין שטעטעלע מיינס,
באַ די ברעגן פון דניעסטער,
לאַנד מיינס פון פעלדער,
פון בעזענע סעדער אין גרין,
כ'וועל איצט זינגען אַ ליד
פון בלוט און פון צאָרן
און שענקען אַ לויב
דיינע העלדישע זין.





# טשובאַן

שפּיל מיר אַ דאַינע, וואַסילי,
אַזוי ווי געשפּילט האָט טשובאַן,
אין דאַינעם צעבלעזלטע שטילע
איז אומרו און פייער פאַראַן.

נעם מיך אַף דניעסטער, וואַסילי,
און שיף מיך אַראָפּ מיטן שטראָם,
מען זאָגט אַז די וואַסערן טראָגן
אין שוואַרצן און שטורמיקן יאַם.

דאָרט ליגט ער, מיין שיינער טשובאַן,
מיט צעבלוטיקטן קאָפּ אפן גרונט,
פאַר הויבן זיין מעכטיקע האַנט
אין רויטן „פּאַטיאַמקישן" בונט.

איך וויל מיט די אויגן דערגרונטעווען
דעם טיפן און פינצטערן יאַם.
אונטער האַרצן באַ מיר דאָרט צעבונטעווען
דעם זון פון דעם שיינעם טשובאַן.

— — — — — — — — — — — — — —

שפּיל מיר אַ דאַינע, וואַסילי,
אַזוי ווי געשפּילט האָט טשובאַן.
אין דאַינעס צעבלעזלטע שטילע
איז אומרו און פייער פאַראַן.

## טרייסט

נו, וויין נישט, מיין ליבע, ניט וויין.
די זון וועט נאָך קומען אין פלאַמען,
די פינטצערע נאַכט וועט פאַרגיין.
ס'האָט אומרו דיין בענקשאַפט געפאַנגען
און ס'דאַכט זיך דיר — דו ביזט אַליין.

צוואַנגציק

נו, וויין נישט, מיין ליבע, ניט וויין.
דער טאָג וועט מיט ליכט דיך צעשטראַלן,
ס'וועט צייט דיך אין שוואַרצערד פאַרזייען,
וועסטו גרונטן מיט וואָרצלען צעפּראַלן
אין פריידיק צעבליטן געביין.

נו, וויין נישט, מיין ליבע, ניט וויין.
עס בליצט שוין די לופט מיט געפאַרן,
דורך שטורעם וועט וואונדער געשען —
ס'וועט אויפשטיין אַ דאָר פון בונטאַרן
מיט זון אין די אויגן און ציין.

## ליבע

גענומען צו זיך האָט וואַסילי
די פרוי פון זיין כאַווער טשובאַן
און גליק האָט באַלויכטן זיין כאַטע
און געלינדערט די מי און געשפּאַן.

און די ערד האָט געפּלאַטערט מיט קאָרן
ווי זי האָט געפּליסטערט מיט קינד,
און ער האָט צעציטערט זיין דאַינע
ווען זי האָט מיט פינגער געשפינט.

און מיד פלעגט זי צופאַלן צאַרט
צו זיין ברייטער באַוואַקסענער ברוסט
און מיט לעפצן געגלעט זיין געזיכט
און איר האַרץ האָט נאָך ליבע געדורשט.

# פרייד

פלאַפלדיק פערדל —
אַף היימישע שליאַכן.
אויגן וואַסילישע
טרוימען און טראַכטן.

צוקאָפּנס דאָס גינגאָלד
געבונדן אין גאַרבן.
אָוונט-זון טרינקט זיך
אַף כוואַליעס פון פאַרבן.

שמייכלדיק שוויים
אַף צערונצלטן שטערן.
פריידיק דאָס האַרץ
פון שעפעדיק ווערן.

„קומען וועט קינד
און באַגליקן די יאָרן."
— העי דאָרט, בולאַן,
שנעלער געפאָרן!

# דורך שטורעם

אינדרויסן געיאָמערט האָט שנייאיקער ווינט
און געשלאָגן אין דאַך און אין שויבן.
ס'איז מאַריע געגאַנגען אין ווייען צוקינד
און דער טויט האָט געגלאָצט דורך די אויגן.

איז וואַסילי אַוועק אין שטאַל צו די פערד
און פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין דעם שטרוי.
נאָר זיין בלוט האָט מיט פיבער געהערט
יעדן איינציקן קרעכץ, יעדן אוי.

און ווען צעהירזשעטע פערד אין פרימאָרגן
האָבן געוועקט דאָס פאַרשלאָפן געביין,
האָט דורך שטורעם אין שטאַל זיך דערטראָגן
אַ פאַרלוירן קינדיש געוויין.

## אייגנס

קום אַהער, וואַסילי,
גיב אַ פעסטערן שפּאַן,
זעסט דאָס נעפּעשל קליינע,
ס׳איז מיינער, ס׳איז אונזער טשובאַן.

גיב אַ האַנט מיר, וואַסילי,
שווער באַ אַלץ וואָס פאַראַן,
וועסט זיין כאַוועך און פאָטער
פאַר מיינעם, פאַר אונזער טשובאַן.

לייג דיין קאָפּ דאָ, וואַסילי,
נויג זיך צו, ליבער מאַן,
וועל איך איינשלאָפן רואיק
צווישן דיר און מיין יונגן טשובאַן.

## בלאָנד און בלוי

פּאַסאַלקע נעזל,
רונדע בעקלעך,
בלאָנד און בלוי.
קוקט וואַסילי
מיט באַוואונדער
אַפן קינד אַזוי.

ס׳קוקט זיין כאַוועך,
ס׳קוקט טשובאַן
אַרוים פון וויג.
פריידיקט זיך
און פערלט זיך
וואַסילים בליק.

פיר-און-צוואַנציק

# וויג-ליד

שלאָף, מיין טשובאַנעלע, שלאָף.
קעפּל — געקרייזלטע שאָף.
דאָס זינגען דאָרט אָרעמע שניטער
באַ סטויגן פון פּריצישן קאָרן.
דאָס סווישטשעט די בייטש פון דעם היטער
און וויל בייגן דעם פּויערשן צאָרן.
שלאָף, מיין טשובאַנעלע, שלאָף.
קעפּל — געקרייזלטע שאָף.

שלאָף, מיין טשובאַנעלע, שלאָף.
קעפּל — געקרייזלטע שאָף.
דאָס קלינגט דאָרט די שאַרף פון אַ קאָסע
אין שוואונג פון אַ מעכטיקער האַנט.
דאָס הירזשעט אַ פערד נאָך זיין פּראָסע
און רייסט זיך ספּאַלאָשען אַף לאַנד.
שלאָף, מיין טשובאַנעלע, שלאָף.
קעפּל — געקרייזלטע שאָף.

## קינדער

עס זשורזשעט דאָס טייכל אַרונטער צום טייך
און טראָגט אים אַ צווייגל מיט קאַרשן.
עס יאָגן זיך קינדער מיט סטעזשקע פון ברעג
און ווי פייגעלעך צווישטשענדיק ראַשן.

עס זײַנען די קינדער אַרײַן אין דעם טייך
פאַרברוינטע, פאַרשוויצטע, אין קלייען,
צעקלאַפּטערט געלעכטער אַף כוואַליקער בלוי
און געיאָגט זיך נאָך זילבערנעם שלייען.

עס פּליושקעט און שפּריצט אויך דער קליינער טשובאַן
און טונקט זיך מיט קינדער צוזאַמען,
און ס'טונקען זיך גערטנער און בערג,
דאָס דאָרף און די זון מיט די פלאַמען.

## לאָשיקלעך

שלאַנק און געוואַגט
איז דער יונגער טשובאַן,
יאָגט ער זיך ווילד
אַף זײַן פלינקן קאַשטאַן.

פלאַטערן פריי
צוויי צעשויבערטע קעפּ,
סווישטשען פאַרביי
איבער ווינטיקן סטעפּ.

זעקס-און-צוואַנציק

## פּאַרניאַלע

א שיפל זיך גליטשט אין בלויען באַגינען.
טשובאַן און וואַסילי אַף זילבער אַנטרינען.

עס שאָטנט אַנטקעגן די דניעסטערשע סקאַלע.
א פאַסטעך מיט פייפל צעציטערט פּאַרניאַלע.

אין לייוונטער טאָרבע בלויז ברעקעלעך זעט.
וויינען די ליפּן אַף דעם צווייג פון טשערעט.

דער פעלדענער גינגאָלד, כוואַליעט און זשומעט,
נאָר וואַסערלעך ריזלען קאַרפּאַטישן אומעט.

דער סטעפּ טוט אַ הירזש מיט פערד און מיט פויער,
נאָר וואַסערלעך בלעזלען מיט וואַלעכשן טרויער.

דער טאָל ווערט צעשאַלט פון מאָרגן־ברויט האָרן,
נאָר וואַסערן יאָגן מיט מאָלדאַווישן צאָרן.

## וואונדער

וואָס־זשע וויינט אַזוי די דודע
אין דער שטילקייט פון באַגין,
שניידט אין האַרצן מיט באַדויער
נאָך דעם דניעסטערדיקן רין?

וואָס־זשע וועקט זי און צעטרויערט
מיר מיין דרעמלענדיקע רו,
ס'אַראַ שעד באַהאַלטן לויערט
אין דעם קליינעם דודל־דו?

## לעגענדע

געשען איז דאָס אין יענער נאַכט,
ווען די לעוואָנע האָט איר אויג פאַרמאַכט
און דער וואַלד האָט זיך אין טייך פאַרטראַכט.
איז דער ווינט אַראָפּ פון בלויע בערג,
אַ פלאַטערדיקן טאַנץ אַף גרין אַוועק
און זיך צעציטערט איבער וואַסער פון טשערעט.

אַ פּאַסטעך האָט פון שלאָף זיך אויפגעכאַפּט
און ס'האָט זיך אין זיין בלוט געדאַכט
אַז ס'וויינט ווער דאָרטן אין דער נאַכט.
איז ער אַראָפּ און האָט דערזען באַם ברעג
ווי ס'שפּילט דער ווינט אַף צווייגיקן טשערעט
און ס'טאַנצט פאַר פרייד אַ וואַסער־שעד.

אַכט־און־צוואַנציק

# דער טאַטע

זאָג מיר נאָר, פעטער וואסילי,
פאַרוואָס וויינט די מאַמע מיט טרערן אזוינע
ווען דו אַף דיין טרוקענער דודע
שפּילסט אָונטן שפּעט איר די דאָינע ?

וואסילי פארגייט אין געדאַנקען,
פאַרוואַרפט זיך דעם פלאַקסענעם טשוב,
די ליולקע אין מויל איינגעביסן,
פאַרציט ער אַ ציוב נאָך אַ ציוב :

— מיין זון, ס׳איז דיין טאַטע געוועזן
אַ פרייער און בראַווער צאַראַן,
ס׳האָט פּריצישע האַנט ניט געקענט
באַזיגן זיין שטאָלענעם שפּאַן.

ס׳האָט זיין דאָינע ווי וויין
געשפּילט אין מאָלדאַווישע הערצער,
ס׳האָט זיין שאַליקער רוף
גערופן זיך שלאָגן באַם דניעסטער.

אין שלאַכט פון שווארציאַמיקן בונט
געפאַלן איז ער ווי אַ העלד,
און פאַר אונז, מיין טשובאַן,
איז געבליבן באַפרייען די וועלט.

ניין-און-צוואַנציק

# מיידלעך

אין מיטן טייך קומט אום די זון,
אַ ווינטל גייט אַ וואַסער־גאַנג
און איבער גערטנער און באַשטאַנעס
צעטראָגט זיך מיידלשער געזאַנג.

זיי שטייען דאָרטן באַ די סקאַלעס
און וועש צעפּראַנעקן מיט קלעפּ,
און איבער פאָרעך־וועג אַ רייטער
טראָגט זיך שנעל צו זייער ברעג.

ער שפּרינגט מיט פערד פון הויכער סקאַלע,
צעפּליושקענדיק דעם שפּיגלנעם געוואַנט
און ברוינער קערפּער לאַכט פאַנאַנדער
קלאַפּטער ריינעם — האַנט נאָך האַנט.

הערצער מיידלשע פאַרגאַפט —
בלוט און פרייד האָט זיך פאַרשטאַנען.
וויגט דער דניעסטער זיך פאַנאַנדער,
לאַכט פון מיידלעך און טשובאַנען.

דרייסיק

## דראַגוצע

אויגן ווי טרויבן אַ צווילינג,
העל דער וויין צעגליט.
ליפּן, ווי אַ קנאָספּ אין פרילינג,
אָטעמען מיט ערשטן צוויט.

צעפּ צעפלאָכטן איבער שולטער
פלאַטערן ווי קראָ אין שניי,
ברוסטן אונטער קלייד צעטולטן
זיכטיקן ווי פריידן צוויי.

## ער און זי

— די מאַמע נייט אַ העמדל,
דער טאַטע נייט אַ קוטשמע,
און איך וועל זיך קויפן
כאַליוועקלעך סמוטשנע.

וועל איך מאָרגן אָפּן טאַנץ
אויסקלאַפּן אַ פריילעכס,
אַז מיין שוואַרצע, מיין דראַגוצע,
ניט געזען האָט נאָך אַזעלעכס.

— אַ קליידל פון באַטיסט,
אַ סטאַניק פון סאַטין,
אַ בוזעם פול מיט קרעלן,
אַ קרענצל פון יאַסמין.

וועל איך מאָרגן אָפּן טאַנץ
אַזוי צעווינגן אַ געשפּאַן,
אַז מיט מיר ביז האַלבער נאַכט
זיין וועט מיין טשובאַן.

## טשובאַנ׳ס ליד

אַ ציגיינער געבראַכט האָט אַ שניי־ווייסע בלום
און באַפּוצט זיין געליבטע מיט כיין:
— שווער מיר, גיטאַנאַ, בײַ דער קווייט וואָס איז שטום,
ווּעסט אָפּהיטן האַרץ דיינס פאַר מיר בלויז אַליין.

האָט גיטאַנאַ פון גאַרטל געצויגן קינזשאַל
און געשוואָרן בײַ שטאָלענער שאַרף:
— זאָל לעכערן ברוסט דער קאַלטער מעטאַל
אויב פרעמד וועט דיר ווערן מיין האַרץ.

נאָר אין איינער אַ שיינער לעוואַניקער נאַכט,
ווען אַ צווייטער האָט היים זי געקושט,
באַפאַלן ציגיינער איז בייִדן אין שלאַכט
און קינזשאַל האָט געלעכערט איר ברוסט.

די נאַכט האָט געציטערט פון טויטלעכן ברום
ווען דער בלוטיקער שטראָם איז אַרויס,
פלאַמיק געוואָרן איז שניי־ווייסע בלום
און אַף אייביק פאַרבליבן אַ רויז.

צוויי־און־דרייסיק

## דראָגוצע׳ס ליד

צווישן דערפל און דעם שטעטל,
אַף דעם ברייטן שליאַך,
שטייט אַ קרעטשמע — ליים און ברעטל
און פון שטרוי דער דאַך.

און דער קרעטשמער האָט אַ טאָכטער —
שפילעוודיקער וויין.
יעדע נאַכט פאַרכמורעט טראַכט ער
וואו זי קען דאָרט זיין.

און דער טאָכטער׳ם ליפּן דינע
ציטערן אין טרויער,
ווייל אין פעלד, אין שעפסן-סטינע,
שפּילט טשובאַן אַף פלויער.

און דער קרעטשמער קען ניט שלאָפן,
האָט זיין קינד אין זינען,
ווייל ניט איינמאָל שוין געלאָפן
איז זי צו דער סטינע.

# מאַמע

עס ציילט שוין מאַריע
די שאָען און טעג,
און פּייכט זיינען וויעס
און האַרץ איז אין שרעק.

באַלד קומט מען צוגיין
און מען זעלנערט דאָס קינד,
און פריידט וועט פאַרגיין
אָף פליגלען פון ווינט.

עס האָט שוין דער טויט
פאַרצוקט איין טשובאַן.
באַלד קלאַפּט מען אין פלויט
נאָך דעם יונגן טשובאַן.

פּיר-און-דרייסיק

# פרילינג

זיי שיפּלען זיך אין בלויען,
דניעסטערישן נידער.
צוקאָפּנס — צעשפּרינקלטע שטערן,
צופוסנס — לעוואָניקער גלימער.

שוועבט אַף טייך דער פרילינג
און לייטערט די געמיטן.
פאַראַטעמט שווימען זיי אינצווייען
און שיקער די לופט איז פון צוויטן.

נאָר שווער איז טשובאַנען,
אַן אומרו צערודערט די בלוטן,
עס ציט זיך פון ערגעץ אַ ניגן —
ווי אין סטעפּ דאָרטן גייען רעקרוטן.

ווערט אים דראַגוצע נאָך טייערער,
עס נאָגט שוין אַ בענקשאַפט אין אויגן.
דורך אינגלשע ליפּן אַ דאַינע
ווערט ווייט איבער דניעסטער צעצויגן.

## רעקרוטן-ליד

אין אַ ווייטן וועג
גיי איך איצט אַוועק.
איבער ווייטע יאַמען, איבער ווייטע לענדער
וואַנדערן דורך נעכט און טעג,
איבער פרעמדע שליאַכן ווי אַ פרעמדער.
אין אַ ווייטן וועג
גיי איך איצט אַוועק.

אין אַ ווייטן לאַנד
גיי איך נאַוועגאַד.
ווייט פון שיינער מיידל, ווייט פון ליבער היים,
טראָגן וועל איך ביקס אין האַנט
און דעם בייזן טויט אַנטקעגן גיין.
אין אַ ווייטן לאַנד
גיי איך נאַוועגאַד.

אויף אַ פוסטן פעלד
ליג איך דאָרט, דיין העלד.
אין אַ העלצל ציילעם, אין אַ שטיינדל קיווער,
יונג פאַרשניטן פון דער וועלט,
אַש און פאַרעך יעדער אייווער.
אויף אַ פוסטן פעלד
ליג איך דאָרט, דיין העלד.

זעקס-און-דרייסיק

## זייט געזונט

זיי געזונט, ליבע מאַמע —
מיין היים און מיין וויג.
כ׳גיי מיט טרויער פון דאַנען,
כ׳קום מיט פרייד באַלד צוריק.

זיי געזונט, מיין וואַסילי,
גיב אכטונג אַף הויז.
דיינע אויגן די ליבע,
איך קוש זיי דיר אוים.

דריק זיך צו, מיין דראַגוצע,
און שווער מיר באַ בלוט:
וועסט בלייבן בלויז מיינע
ביז כ׳קום פון מאַרשרוט.

זעטיקט אַן מיינע אויגן,
דו טאָל און דו טייך.
אַף שליאַכן און וועגן
כ׳וועל בענקען נאָך אייך.

זיבן-און-דרייסיק

## אין דער פרעמד

דער מונדיר איז ניט שטאַלטנער
פון לייוונטן העמדל,
דער בולוואַר איז ניט דופטער
פון בעזענעם וועלדל.

דער יאַם איז ניט ריינער
פון דאָרפישן ברונעם.
מאַמזעל איז ניט שענער
פון ליבענדן פּאָנעם.

## יונגער קריגער

יונגער קריגער פון דעם סטעפּ,
פלעכט זיך איין אין מיינע צעפּ.

וויג מיך איין מיט אָוונט־ליד,
צונטער אויף מיט יעדן גליד.

וואָסזשע קוקסטו אַזוי טריב?
ועמען שענקסטו דאָרט דיין בליק?

איז זי ברוין און אַזוי שיין?
איז זי קלוג און האָט מער כיין?

זע, לעוואַניק איז די נאַכט.
איך מיט דיר בלויז אָף דער וואַך.

יונגער קריגער פון דעם סטעפּ,
פלעכט זיך איין אין מיינע צעפּ.

אכט־און־דרייסיק

# דראָגוצע באַם דניעסטער

מוטנער דניעסטער,
אומרו־גוס,
טראָג טשובאַנעץ
אַפּ אַ גרוס.

נעם פון אויגן
פערל־זאַלץ,
זאָג טשובאַנעץ,
כ׳וואַרט נאָך אַלץ.

נעם אַ לאַק
און טראָג אין ווייט,
דערמאָן טשובאַנעץ —
פרילינג־צייט.

טראָג מיין הארץ
אַוועק אַהין,
ווייז טשובאַנעץ,
כ׳בענק נאָך אים.

## טשובאַנ׳ס בריוו

אין בלאָנדן אומרו פון מיין שויבער,
אין בלוי־באַגער פון מיין שוואַרצאַפּל,
דו פלאַטערסט אום ווי אין אַ צויבער
און פריידיק טאַנצן דיינע קנאַפּל.

דיין ציטער פון די ליבע פינגער,
ער שפילט נאָך אום אין מיין געביין,
און ס׳ווערט מיר פון דערמאָנונג גרינגער,
גלייך דו אַליין וואָלסט דאָ געווען.

דיין לעצטער פלאַקער פון די ליפּן
נאָך לאַשטשעט אום אַף מיין געזיכט
און ס׳ווילט זיך מיר ווי קינד צעכליפּען
און זון־און־רעגנדיק פאַרגיין אין זיך.

פּערציק

# אַוועק זיינען זין

אַוועק זיינען זין
און ס׳איז קריג אַף דער וועלט,
זיצן עלטערן וויסט
אין נויט און אין קעלט.

ס׳איז היינטיקער האַרבסט
אַ קלאָג פאַר צאַראַן.
דאָס הויז-געזינד נאַקעט,
קיין שיך ניט פאַראַן.

דער קעלטער איז טרוקן,
דער שפייכלער איז לער.
די קו שוין באַם גאַלעך,
דאָס פערד באַם באָיער.

אַהער גיב די האַק!
נעם אַרוים די קאַנאַטן!
ס׳וועט נעמען דער טייפל
באָיערישן טאַטן!

# געהויבן אַ האַנט

געהויבן אַ האַנט האָט וואַסילי
אַקעגן דעם גרויסן באַיער.
געזאָגט, אַז גענוג שוין געגעבן,
קיין צינזן ניט צאָלן וועט ער.

צוויי סטראַזשניקעס ווילד ווי די בערן
געשלעפּט האָבן אים איבער דאָרף.
מאָרגן אין הויף פון דעם קלויסטער
וועט מען געבן אים שמיץ פאַר אַ שטראָף.

מאַריע איז געלאָפן צעפּאַטלט
און הויך אָפן קאָל דאָרט געוויינט,
און פאַרכמורעטע, בייזע צאַראַנעס
האָבן שיר דאָס געזעץ ניט פאַרשטיינט.

מען זאָגט אַז עס צאָרנט די יונגוואַרג
און ס'יאָגט שוין אַ סטראַזשע פון סטאַן.
ס'וואָלט זיכער דאָרט בלוט זיך געגאָסן
ווען אין הויז וואָלט געוועזן טשובאַן.

צוויי-און-פערציק

## אַהיימקער

אַ פרייִדיקער הירזש האָט דעם דניעסטער באַגריסט,
אַ ברוסטיקער רוף האָט די פעלדער דערקענט.
אָט שלענגלט זיך טייך, אַ פאַרכאַלעמטער פליסט,
ס'ברענט זוניק דער וואַלד און ווערט ניט פאַרברענט.

יאָג, אָגער, מיין טייערער, שנייד מיט דער ברוסט.
לויף, האַרץ מיינס, פאָראויס און זאָג דאָרטן אָן:
— עס קומט דיין טשובאַן באַליבט און באַוואוסט,
מיט פעדער אין העלמעט, מיט קרייץ און גאַלון.

קלאַפּ אָן אין אַ טיר מיט קליאַמקע פון מעש,
דערשרעק מיטאַמאָל צוויי אויגן מיט גלוסט,
צעפּליושקע דעם טייך בײַ דער סקאַלע מיט וועש,
מיט פּערל באַשפּריץ איר האַלדז און איר ברוסט.

## טשובאַן און דראַגוצע

ער איז צוגעפאַלן מיט דורשטיקן מויל
און טרינקט בײַ איר טוי פון די ליפּן.
נאָר טרערן מיידלשע טראָפּן און פליסן,
און שולטערן ווייסע צוקן און כליפּען:

— לויף שנעלער, טשובאַן, צום קלויסטערשן הויף
און ראַטעווע אָפּ דיין וואַסילי.
זיי וועלן אים זיכער דערשלאָגן צום טויט
און עפּשער גאָר הענגען אויף טליע.

## שמיץ

עס איז ניט קיין כאָגע אין דרויסן,
דער דיאַקאָן זינגט היינט ניט קיין באַיקע.
באַם קלויסטער ליגט ראַקאָם וואַסילי,
אַ סטראַזשניק האַלט גרייט די נאַגאַיקע.

עס געדענקט שוין ניט ווער אַזאַ אומגליק,
עס איז דאָך אַ ווייטיק און שאַנד,
מען זאָל שמייסן אַ מענטשן באַם קלויסטער
און דער פּאָרעץ זאָל ציילן די האַנט.

פאַרביילט יעדע פויסט, פאַרשטשעמט די ציין,
עס סאַרפעט אין אויגן די גאַל,
און ס׳יעכצן פאַרשטומט אַלע הערצער
נאָך יעדן נאַגאַיקישן פאַל.

פּאַף! אַ האַנט האָט אַ שפּיי געטאָן פייער,
געפאַלן איז פּאָרעץ צו דר׳ערד,
ווי דונער איז דורך דורכן קלויסטער
טשובאַן מיט וואַסילי׳ן אַף פערד.

# אין נאַכטיקער רו

בלוי-זילבערנער שראַם
אַף צעשטערנטן הימל
שווימט טריט-וואַסער גרינג
איבער דניעסטערשן דרימל.

צוויי שאָטנס אַף סקאַלע
די שטילקייט צעשטערן.
ס׳איז איינער אין וויינען,
דער צווייטער אין טרערן.

— לאָז מיך שטאַרבן, טשובאַן,
מיט מיין קאָפּ אַף דיין שויס.
ס׳צאַנקען ווייען אין בלוט,
ס׳גייען קויכעס שוין אויס.

— וויין ניט, מיין קינד,
ס׳וועט ניט העלפן קיין טרער.
בלויז דער צאָרן פון שווערד
וועט באַפרייען די ערד.

פינף-און-פערציק

## די שוואוע

איך שווער באַ דיר, דניעסטער,
איך שווער באַ אייך, שטערן,
ס'וועט דער טויט פון מיין טאַטן
פאַרגעסן ניט ווערן.

ס'וועט מיין שטאַלענע ביקס
ניט זשאַלעווען בלייען,
ביז מאָלדאַווישע ערד
וועט פון יאָך זיך באַפרייען.

## דניעסטער, דניעסטער...

— דניעסטער, דניעסטער, וואָס־זשע יאָגסטו אַזוי מוטנע,
כמורעסט אומרו מיר אין הארצן?
— אינגל, אינגל, עס זיינען צייטן סמוטנע,
טראָג איך בלוט צום יאָם דעם שוואַרצן.

— דניעסטער, דניעסטער, וואָס־זשע טראָגסטו דאָרט באַהאַלטן,
טיף אין שוים פון דיינע גרונטן?
— אינגל, אינגל, אַזש פון שנייאיקע קאַרפּאַטן
טראָג איך שטורעמדיקן גרוס פון בונטן.

זעקס־און־פּערציק

# בונטן

עס האָט דער דניעסטער טייך
זיך אָנגעצונדן
מיט ברען פון די פּריצישע גיטער.
עס האָט דער דניעסטער סטעפּ
זיך צעקלונגען
מיט שטאָל פון ספּאַלאַשעטע שניטער.

עס האָט דער יונג טשובאַן
זיך אָנגעצונדן
מיט פלאַם פון דערצאָרנטע קריגער.
עס האָט דער יונג טשובאַן
זיך צעזונגען
מיט יובל פון סטעפּישע זיגער.

# אָקטאָבער

באָלשעוויקעס! באָלשעוויקעס!
און ווי שטראַלן נאָך אַ שטורעם
האָבן זיי אַ פלייץ געטאָן.
און אַף יעדער לאַנגער פּיקע
ווי אַ שיינדל אַף אַ טורעם
האָט געפּעלבלט רויטע פאָן.

באָלשעוויקעס! באָלשעוויקעס!
אָן פאַגאָנעס און אָן שליפּעס,
אָן מעדאַלן, אָן גאַלון,
נאָר עס שפּאַנען בראָנעוויקעס
אָנגעלאָדענע מיט וויכערס
פול מיט צאָרן פון לאַנג־אָן.

באָלשעוויקעס! באָלשעוויקעס!
פּראַלט אויף טיר און טויער,
עפנט שלאָס און פּרענט!
זעט די פרייד אין העלע בליקן,
ווי דער איד און אַלטער פויער
האָבן איינגעקלאַמערט הענט!

אבט-און-פּערציק

# פּאַרטיזאַנער לאַגער

בײַ דעם אויסגוס פֿון דעם דניעסטער,
בײַם שוואַרציאַמיקן לימאַן,
זינגען קריגער וועגן פֿרייהייט,
וועגן העלד — דעם אַרבעטסמאַן.

און אויף סקאַלע פֿערד פֿאַרריסן
שניידט קאָטאָווסקי זיך אין ווייט;
עפּשער צינדן זיך דאָרט ברעגן,
עפּשער יאָגט מען און מ'אײַלט.

און עס וועקט דעם קאָמאַנדיר
אַ הויך און הילכיקער ראַפּאָרט:
— געקומען איז צו אונז אַ יונג
און וויל אין לאַגער דאָ אַן אָרט.

קוקט קאָטאָווסקי אויף טשובאַנען
און זעט דעם ברען אין זײַנע אויגן,
ווי שנײַטער יאָגן איבער סטעפּ
און גיטער פֿלאַקערן ווי סטויגן.

ניין-און-פֿערציק

## דערצייל אונז, קאַטאָווסקי

דערצייל אונז, קאַטאָווסקי,
ווער איז ער, דער לענין,
וואָס זאָגט ער וועגן פרידן און ערד.
צי האָט ער געשיקט
אַ שעליעך אונז נעמען?
לאָז אים וויסן —
מיר ברענגען אים שווערדן און פערד!

מיר וועלן די ווייסע
אין שוואַרציאָם פאַרטרייבן,
באַפרייען אָדעם פון פּראַנצויז.
די טראַלד־היידאַמאַקעס
ווי פּאַרעך צערייבן,
און דייטשן —
מיר לייגן ווי סנאָפּעס זיי אויס!

מיר וועלן פון דניעסטער
ביז רואיקן פּרוט
אַ שלאָג טאָן מיט שווערד און מיט שרויט,
דער סטעפּ וועט צעקלינגען
דעם פרייהייט מאַרשרוט
און פאָנען —
צעוויקלען אין זוניקער רויט.

פּופּציק

דערציילט אונז, קאַטאָווסקי,
ווער איז ער, דער לענין,
וואָס זאָגט ער וועגן פרידן און ערד ?
צי האָט ער געשיקט
אַ שעליעך אונז נעמען ?
לאָז אים וויסן —
מיר ברענגען אים שווערדן און פערד !



איין-און-פופציק

# אַף דער וואַך

עס דרימלען פאַרמאַרעטע רייטער
אין וואַרעמען אַפּגלי פון שייטער.

בלויז איינער אַף וואַך איבער אַלע
צעפלייטלט מיט ליפּן פאַרניאַלע.

אויך אַזוי פלעגט זיין טאַטע־טשובאַן
צעבלעזלען זיין אומרו אַף ים.

אויך אַזוי אַף „פאַטיאָמקישן" באָרט
פלעגט ער בענקען נאָך סטעפּישן דאָרט.

אויך אַזוי פלעגט ער טראַכטן פון איר,
ווי זי שטייט דאָרט אַ שלאַנקע אין טיר.

אויך אַזוי פלעגט זיך נעצן זיין בליק
און אין טרוימען פאַרוועבן זיין גליק.

צוויי־און־פופציק

# צוגענומען די כאַטע

ס׳האָט געזעץ צוגענומען די כאַטע
און מאַריע איז אַוועק אין דער פרעמד,
פון גאַנצענעם לעבן און גליק
איז געבליבן בלויז לייוונטן העמד.

איז ליגט זי און צאַנקט אַפן אויוון
בא דראַגוצעס טאַטן אין הויז,
דער גאַלעך ער ציילט שוין די שאָען
און קוקט אַפן טויט שוין אַרויס.

נאָר ס׳גלעטן פאַרכאַלעשטע פינגער
דראַגוצעס פאַרלאַפענע בליקן:
— נו, וויין ניט, מיין טאַכטער, ניט וויין,
עס וועט נאָך טשובאַן דיך באַגליקן.

גיי, טאַכטער, זוך אוים מיין טשובאַנען,
ניט ניאַנטשע מיין זיכערן טויט.
גיי טראַג אים אַ קוש פון זיין מאַמען
און טייל דאָרט זיין פרייד און זיין נויט.

## געקומען אַ מויד

העי, כעוורע, קומט שנעלער דאָ אהער,
די נייעס האָט איר שוין געהערט?
געקומען ז'אַ מויד צו טשובאַנען,
איז שטייט ער מיט אויגן פאַרטרערט.

און איז דאָס אַ מויד — אַ קאָזאַטשקע,
מיט אויגן צוויי שייטערן פייער,
און טוט זי אַ קוק אַף אַ יונג —
איז אים דאָס לעבן ניט טייער.

זי טראָגט שוין אַ ביקס און אַ שווערד
און הויזן־ליאַמפּאַסן מיט שטיוול,
און יאָגט זי אַן אָגער אַף סטעפּ —
די ווייסע אַ טויט און „פּאָהיבל״!

## אינאיינעם

— אינאיינעם מיט דיר, מיין טשובאַן,
אַף פריי צי אין ווינטן געשפּאַן,
כ'וועל טראָגן די שווערד ווי אַ מאַן
און צילעווען טרעפלעך נאַגאַן.

פּיר־און־פּופּציק

— מיט דיר, מיין דראַגוצע, אינאיינעם,
איך שרעק זיך פאַר טויט ניט, פאַר קיינעם.
אויב טרעפן וועט קויל פון אונז איינעם,
וועט צווייטער זיין נאָמען באַשיינען.

— אינאיינעם, קאַטאַווצעם, מיט אייך,
מיר נעמען אַ שלאַכט נאָך אַ שלאַכט,
מיר שלאָגן די פינצטערע מאַכט
און טיילן דאָס לעבן אַף גלייך.

## אַף די פערד!

אַף די פערד,
אַף די פערד,
ציט די שווערד,
ציט די שווערד!
עס זיינען רומענער אַריבער דעם פּרוט!
זיי פלינדערן שטעט שוין באַם דניעסטער!

ס'פאַלן קעפּ,
איבער וועג,
ס'יאָגט אַ שרעק
איבער שטעט!
עס פלאַקערן דערפער אין אויפשטאַנד!
עס בלוטיקן ברעגן פון דניעסטער!

פינף-און-פופציק

# אין שלאַכט

אין שלאַכט געגן האָרדעס רומענער,
ווען שראַפּנעלן צעקאָסען געביינער,
שיקט הינטערלאַנד פאַר מאָלדאַוואַנעס —
פּאַלאָווע און פּוסטע פּאַטראָנעס.

בלויז הונגער און וויסטער פּאַרראַט
האָט צעבראָכן מאָלדאַווישן ראַט,
בלויז ליידיקע שיידן און שרויטן
האָבן באַזיגט בעסאַראַבישן רויטן.

און וויסט איז געוואָרן דאָס לאַנד,
און ס׳טרויערט דער סטעפּישער קאַנט,
און ס׳הונגערט צאַראַן און זיין פערד
אַף טרוקן־פאַרזאַמדיקטער ערד.

נאָר ניט איינמאָל געברענט האָט דער סטעפּ
און העלדן געלייגט האָבן קעפּ.
אין טורמע באָם דניעסטער־לימאַן,
אַ געפּענטעטער ליגט דאָרט טשובאַן.

זעקס־און־פופציק

# אַ שטימע פון יענער זייט דניעסטער

זיין ווייטיק אין האַרצן פאַרגעסט ער
אין גאַנג פון אַסטראַגישע קלעפּ.
אַ שטימע פון יענער זייט דניעסטער
דערטראָגט זיך אַהער איבער סטעפּ.

אַ כאָר אַ פילשטימיקער מונטערט
און קלאַפּט אָן אין שטיינערנע ווענט,
און האַרץ זיינס פאַרכאַלעשט זיך צונטערט
און קלאַמערט דעם זשאַווער אין הענט.

— אָ, ברידער, אין רויטער מאָלדאַווע,
האַלט פעסט דאָס דעראָבערטע לאַנד!
אויך דאָ ווען קינדער סטעפּאָווע
אַ הויך טאָן אין צאָרן די האַנט.

אויך דאָ וועלן פויסטן צעקאַסען
געביין פון באָיערישן שטאַם,
און ווינט איבער סטעפּ וועט ספּאָלאַשען
דעם באַפרייעריש ליכטיקן פלאַם.

## פּאָדאָליע

אַף פּאָדאָליער זייט פון דניעסטער
שטייט אַ מויד מיט בליק פאַרטרערט.
— וואָס־זשע וויינסטו, שיינע שוועסטער,
ווער האָט דיר דיין גליק צעשטערט?

— הויב אויף, כלאָפּעץ, אויגן דיינע,
קוק אַריבער דניעסטער ברעג.
זע, דאָרט ברענען יאָרן מיינע
אין דעם פלאַקער פון דעם סטעפּ.

הער, דאָס וויינט מיין אַלטע מוטער,
שיקט איר וויי־געשריי אַריבער.
זע, אין פלום פון שטראָמען מוטנע
יאָגט דאָס בלוט פון מיינע ברידער.

## שעם זיך, פּאַרטיזאַנקע!

שעם זיך, פּאַרטיזאַנקע,
טרערנדיק איצט טראַכטן,
ווען אַף גאַנץ אוקריינע
פלאַקערן נאָך שלאַכטן.

זע, פּאָדאָליע פלאַטערט
מיט קאָטאָווסקים יאָטן,
און בודיאָני׳ס "ערשטע קאָנע„
שלאָגט אין קאַרק פּאָליאַקן.

זאָל נאָר אונזער לאַנד
זיך פון יאָך באַפרייען,
וועט אויך דיין מאָלדאָווע
פריידיק זיך באַנייען.

אַכט־און־פופציק

## רויטע מאָלדאָווע

עס האָט דער יאָמער־טאָל דערהערט
אַז פריי איז מאָלדאַוואַן
אַף סאָוועטישער ערד.
אַז פון דעניקין און מאַכנאָ
איז קיין זייכער שוין ניטאָ;

אַז פון טיראַספּאָל ביז טולטשין
עס פלאַטערט שוין די פאָן
פון אויסגעלייזטע זין;
אַז אַף די פעלדער פון כערסאָן
עס זוניקט שוין דער רויטער מאָן.

## ס'איז צייטיק דער שניט

ס'איז צייטיק דער שניט
און טאָג איז נאָך רויט,
קום שנייד מיט אונז מיט
און טייל אונזער ברויט.

ס'קומט אָסיען באַלד אָן,
מער זאָרג און מער מי,
ווען מען דאַרפן פיל טאָן
אַרום פערד, אַרום קי.

נעם, כאַווער, די קאָסע
און קום אין געוויג,
וועט זיין קאָרן און פּראָסע
און פרייד אויך און גליק.

ניין־און־פופציק

# שפּיל אונז די דאָינע

שפּיל אונז, דראַגוצע, די דאָינע
וועגן זיג פון דער רויטער מאָלדאַווע,
דערצייל וועגן יונגן טשובאַן,
באַזינג אונז דיין העלדישן כאַווער.

און פריידיק ווערט פּלייטישער בלאָז
און טראַציק די שפּיל פון האַרמאָשקע.
געראָטן איז שניט אין קאָלכאָז
אַפן נאָמען פון בראַוון קאָטאָווסקי.

באַ מאָלדאַווישע ברעגן פון דניעסטער,
אַרונטער ביז שטורמישן יאַם,
צעקלינגט מען דאָס העלדישע ליד,
באַזינגט מען דעם יונגן טשובאַן.



זעבציק



# אויפגאַנג

איך האָב זיך אויסגעשיילט
פון היימישע פיר ווענט,
איך האָב זיך אויסדערוויילט
מיט אייגענע צוויי הענט.

איך האָב דעם פרישן רים
דעררימן ביזן עק,
איך האָב דעם שווייגן-בים
דערבימן און אַוועק.

איך האָב באַם טאַטנ׳ס שוועל
געבענטשט שוין זיך אַליין,
און אַוועקגעלאָזט זיך שנעל
מיט ווינט באַזעגלען מיין געביין.

# נאַכט

די נאַכט אַף פרייען פעלד
האָט מיך אין אומעט איינגעהילט,
און כ׳האָב דעם עלנט פון דער וועלט
אין יונגע בלוטן שוין דערפילט.

דעם קאָפּ געבויגן צו דער ברוסט,
געקילט פון ווינטיקן באַריר
האָב איך מיט בענקשאַפט שוין געגלוסט
נאָך אַלטער קליאַמקעדיקער טיר.

נאָר ס׳האָט די מידקייט אין מיין בלוט
פאַרשלאַבערט גוף אַף סטערדע שטרוי
און ס׳האָט מיין האַרץ אַף פויסט גערוט
ביז צאַרט געוועקט האָט מאַרגן-בלוי.

פיר-און-זעכציק

# פרימאָרגן

ס'האָט דער מאָרגן מיר געבראַכט
זון און פרייד,
איבער פעלדער ברוין צעכוואַליעט
גאָלד און קווייט.

ס'האָבן פויערים צעשוואונגען
שניט־געזאַנג,
און דער וואַלד צעקלונגען
קאָסע־קלאַנג.

ס'האָט דער דאָרף זיך אויסגעשפּרינקלט
טייך־צופּוס,
שמייכלענדיק מיט זויבער־ווייסקייט
און מיט גראָז.

## בלעטער, שושקענדיקער זשום

בלעטער שושקענדיקער זשום,
פרישע אָטעמדיקע צווייטן,
בערג צעכוואַליעט בלוי אַרום,
דאָרף און טייך אין מיטן.

קלאָען פּלאַפּלענדיקער גאַנג
פּאַטשט אַף פֿאָרעך - וועגן,
קערנער פּלאַטערדיקער זאַנג
סטרונעט ווינט אַנטקעגן.

לאַנקעס ליולענדיק מיט גלעקל
שלעפּערן די שעפּס און קו,
ליפּ צעציטערט איבער שטעקל:
דודל, דודל, דו.

**זעקס-און-זעכציק**

# באַנגיקע דאָרפישע נאַכט

באַנגיקע דאָרפישע נאַכט,
פייערל פלאַטערט אַ טרוים,
מיידלשער בליק זיך פאַרטראַכט
שטריקנדיק העמדישן זוים.

פרעמדער אין פענצטער פאַרקוקט
טענערט אַ לירלדיק ליד,
מיידלשע ברוסט זיך צעצוקט
פילנדיק קומענדיק גליק.

פייערל צאַנקט געגן שטערן,
שעפטשעט דער האַלבנאַכט אַ סאָד,
אַז שאָטנס פאַרקניפט אין באַגערן
ציטערן פרייד און גענאָד.

## שטאָטישער אינגל

שטאָטישער אינגל,
פֿאַרשלאָבערט בין איך פֿון דיין צאַפּל,
פֿאַרשיקערט בין איך פֿון דיין ליד,
נאָר אַ געהענעם זע איך אין דיין אַפּל
און עס שרעקט מיך דיין אומרו-געמיט.

שטאָטישער אינגל,
כ׳פֿאַרליר זיך אין וואַלד פֿון דיין שויבער,
און כ׳טרינק זיך אין שטראָם פֿון דיין קוש,
נאָר עס וועקט מיך אַ ווײַ פֿון מיין צויבער,
און איך שרעק זיך און ווייס ניט פֿאַרוואָס.

שבט-און-זעכציק

## אומעט דער דאָרף

אומעט דער דאָרף —
דרעמלענדיקע בערג.
אָ, דאָרפֿישע פֿייערלעך,
לאָמיר אַוועק!

הינטישער „האַוו-האַוו“
אַף יענער זײַט ברעג.
אָ, באַנגען מעלאָדישע,
לאָמיר אַוועק!

כ׳הער ס׳יאָמערט אַ וואָגן
אַף איינזאַמען וועג.
אָ, שליאַכן זיגזאַגיקע,
לאָמיר אַוועק!

# ציגיינער

אַנגעבראַנט פון דער זון
און געקילט אין באַגין
איז מיין קערפּער געקאָוועטער שטאָל,
נאָר ווי אַ פערד אָן טאַבון,
געצוימט אין מאַשין,
רייסט מיין אומרו זיך פריי פון דעם טאָל.

און ווען ציגיינער פון ווייט
נעמען נאַכטלעג באַם דאָרף
און צעווייגן געזאַנג אַרום שייטער,
ווערט מיין בלוט מיר צעשטרייט,
וועקט מיין בענקשאַפט פון שלאָף
און טראָגט מיך ווי אַגער אָן רייטער.

זיבעציק

# פלאַטער, פלאַקער

פלאַטער — פריי,
ציגיינער טאָכטער,
האָסט מיט אַכצן פרילינגס
אויפגעבליט אין מיינע בליקן.
האָסט מיט אַכצן וויינען
אויפגעשפילט אין מיינע בליטן.

פלאַקער — פלאַם,
ציגיינער טאָכטער,
האָסט מיט אַכצן זונען
אָנגעצונדן מיינע ליפן,
האָסט מיט אַכצן ווינטן
אָנגעזעגלט מיינע שיפן.

# קום, בלאָנדע טשופּרינע!

קום, בלאָנדע טשופּרינע,
קומט, צווײט־העלע בליקן,
אַף יענער זײַט פעלדער,
אַריבער די בריקן.

קום, בראָנזענער פּאָנעם,
מיט ווײַניקע ליפּן,
אַף אַספאַלטענע וועגן
זיך יאָגן, זיך שיפּן.

קום, וואַלדיקע גוואורע,
קומט, דעמבענע ברוסטן,
עס וואַרט אַף אונז שטאָט
מיט פרייד און מיט לוסטן.

צוויי־און־זיבעציק

# שטאָט

שטאָט האָט מיט פּייער קאָלירטן געצונדן
האַרץ וואָס האָט אומרו געזוכט,
שטאָט האָט מיט טורעמס באַצירטע געבונדן
טרוים וואָס האָט שיינקייט געזוכט.

שטאָט האָט מיט ווינטן געצוימטע באַפליגלט
קאָפּ וואָס האָט יאָגן געוואָלט,
שטאָט האָט מיט גאָלד־שטויב קאָנפעטי באַשפּרינקלט
בליק וואָס האָט גלויבן געוואָלט.

שטאָט האָט מיט טויזנטער לאַסאָ׳ם געפּענטעט
גוואורע וואָס דענקט אַז זי פּראַלט,
שטאָט האָט די לוסט אין די בלוטן ספּאַלאַשעט
און וואַנזין צעיאָגט אַף אַספאַלט.

# בלייב מיט מיר

מעג טויב זיין שטאָט פון צופיל טומל,
נאָר געראַם איז מיין צימער איינגערהייט,
ס'איז פול מיין האַרץ מיט דיינע שמייכלען
און הענט פאַרכלינען זשמעניעס פרייד.

אָ, בלייב מיט מיר, שוואַרצאויגיקע,
ניט וואַנדער ווייט מיט וואָגל-שטאָם,
גענוג דיין בענקשאַפט ויסט צו נאַוועגאַדן —
געפינסט אויך סטעפּ באַם אומרו-יאַם.

קום, וואַנדער אום אָף שטורעם-כוואַליעס
פון מאָרגן-גין ביז צאַנק פון שטערן,
און זאָל לעוואַנעדיקע נאַכט באַם פּאָרט
אָף שטענדיק אונזער טרוים-לאַנד ווערן.

פיר-און-זיבעציק

# אַוועק

ווי אַ פֿויגלשער באַנג
נאָך דעם זוניקן דאַרעם,
ווי אַ זעגלשער דראַנג
נאָך דעם יאַמיקן שטורעם —

ביזט אַרויס פֿון מיין פֿאַרט
און פֿאַראיינזאַמט מיין ברעג,
ביזט אַוועק פֿון מיין אָרט
און פֿאַראומערט די טעג.

ס'האָט נאַכט מער קיין כיין
און טאָג מער קיין קראַפֿט,
בלויז דיין בענקשאַפֿט אַליין
איז געבליבן אין האַרץ.

# אַרבעט

דער ווייטיק פון הונגער
איז שאַרפער און טיפער,
דאָס בלאַנקען נאָך מי
טרייבט צאָרן אין וויכער.

די גאַסן און סקווערן,
די טירן און ווענט,
באַגריסן מיט כויזעק
די ליידיקע הענט.

די נאַכט און בולוואַרן,
דאָס פייער, דער יאַם,
זיי שטשירען און גאַרן
און סליונען מיט סאַם.

# הונגער

ס׳האָט דער הונגער
ביז יאָם מיך געבראַכט,
האָבן גיריקע אויגן
מיינע פּלייצעס באַטראַכט.

פרישער וואָרעמס
האָט בלוטן צעשפּילט,
האָבן קריזשעס ביז שפּעט
די זעק ניט געפילט.

ס׳האָט אָוונט באָם פּאָרט
זיך געבאָדן אין גלי
און אַף קאָרן טראַנספּאָרט
האָט געכראָפּעט די מי.

# טרעגער-ליד

טראָגט די זעק, איר טרעגער-יונגען,
וויגט זיך איבער פּלאַנקע.
זינגט אַ ליד, איר העפקער-יונגען,
וועגן מיידלעך שלאַנקע.

— וואָס-זשע ברומט איר, טרעגער-יונגען,
גאָר אַ צאָרן-ניגן ?
וואָס-זשע שווייגט איר, העפקער-יונגען,
קאָרג אייך פאַרגעניגן ?

— טאָג נאָך טאָג, ווערט קלענער לוין
און טייער ז'פאַרגעניגן !
קירצט דעם טאָג און העכערט לוין
וועט פריידיק זיין דער ניגן !

# געוואָרפן די אַרבעט

געוואָרפן די אַרבעט,
אין סטרייק זיינען טרעגער,
און כוואַליעדיק וויגט זיך
זייער יאַמיש געזאַנג,
די העמדער צעכראַסטעט,
די פּאַטלעס צעפּלאַטערט,
באַשלאָגן זיי סקווערן
מיט שטורמישן גאַנג.

פון צערודערטן אָפּגרונט,
פון פינצטערע טיפן,
אַ דערצאָרנטער יאַם
איז פון ברעגן אַרוים.
קומען גאַסן אַנטקעגן
מיט ליד און מיט פּאָנען,
און עס שמייכלט מיט יאַם
יעדער שויב, יעדער הויז.

## געזיגט

געזיגט האָבן יאַמישע קינדער
און ס׳פּלאַטערן זעגלען
אין פּאָרט.
און ס׳וויגן זיך מעכטיקע פּלייצעס
און ס׳טראָגן זיך לאַסטן
אַף באָרט.

שיפּט זיך מיין אומרו אין אויגן
און זוכט בײַ די ברעגן
אַ בליק,
צי וואַרט דאָרט אַ שטאַטישע טאָכטער
און פינטלט מיט כיין
און מיט גליק.

אבציק

## אַף שוימיקער גריווע

ניט קיין שרעקעוודיק קינד
אין אַ ריזיקער וויג,
שטיי איך, יאַם, דאַ אצינד
אַף דיין כוואַליק געוויג.

ס׳האָט הונגער צעפלאַקערט
די אויגן, די טריבע,
האָב איך אומרו צעאַקערט
אַף דיין שוימיקער גריווע.

ביזט, יאַם, מיר געוואָרן
מיין שפּילעוודיק פערד,
צעטראַג-זשע מיין צאָרן
און שטורעם די ערד!



# אין קוזניע





# אין קוזניע

די קוזניע באַלויכטן האָט שפּיגל פון דניעסטער
מיט גאָלדענע פונקען צעזשאַרעטן פייער,
ווען נאָטע דער סטעלמאַך און אַבע דער קאָוואַל
דערהערט האָבן קוויטש און קינדערשן שרייער.

דאָס איז רייזל נאָטעס געגאַנגען צוקינד
און אין ווייען און אַנגסטן געבוירן אַ פרייד.
ס'האָבן טאַטע און זיידע דערפילט
אַז אַ גליק איז אַריין שטילערהייט.

פינף-און-אַכציק

געפאַלן איז האַמער אַרוים פון די הענט
און אַנגעגליט אייזן געפלויגן פון צוואַנגען —
צוויי פאַררויכערטע אידן מיט צעפּאַטלטע בערד,
מיט שטיוואַלעס אַ פריילעכס דערלאַנגען.

און ווען לעוואַנע — אַ זילבערן שיפל,
געפלאָסן איז שטיל צווישן שטערן,
האָט מאַמע אַרום קינד שוין געפלאַטערט
מיט געפּערלטע וויסלען אין טרערן.

:: :: ::

ס׳האָט די מאַמע מיט ליבע געריבן אים אָרצע,
געקעכלט מיט מילך און געצערטלט מיט לידער,
ס׳האָט דער טאַטע מיט שטאָלץ געריבן אים אַרקע,
געסיליקט אין נאַק און געקרעפּטיקט די גלידער.

אַזוי איז זיך אַרקע באַם דניעסטער געוואַקסן
אין קוזניע צווישן פּויערים, רעדער און פערד,
פאַרנומען די קלאַנגען פון פרייד און פון אַרבעט,
און געאָטעמט מיט דופטן פון צוויטן און ערד.

ס׳האָט דער טאַטע באַם סטעלמאַך־וואַרשטאַט
מיט שטראָף און מיט דייגעס זיין זינדל באַלאָדן,
זיך געבייזערט, געגלעט און באַפוילן,
און מיט באָרדע געטעסעט, געשויבן.

זעקס־און־אַכציק

ס׳האָט דער זיידע באַם לויטערן בלאָזזאַק
מיט מייסעס און וואונדער דאָס אינגל געכאַוועט,
זיך געוווערטלט, געקאַכט און געשאָלטן
און מיט האַמער געבליצט און געקאַוועט.

:: :: ::

מיטאַמאָל אין אַ טאָג האָט נאָטע דערפילט
אַז עס פּלאָנטערט זיך ווער באַ די פיס,
אַז די טעסלע און זעג זיינען שטומפּיק
און דאָס צוועגל, ווער ווייסט וואו דאָס איז.

האָט ער זינדל באַטראַכט מיט דערשראָקענעם וואונדער
און דערזען אַז ער טאַסקעט שוין רעדער,
איז ער ראַפּטאָם אַוועק צו דער ווייב דאָרט אין קיך:
— גיי, רייזל, פיר אַרקען אין כיידער!

אַ פליעסק און אַ יעכץ: — „אַ וויי טיק איז מיר,
ער גייט מיר דאָס קינד שוין פאַריאָגן!״
און זי זידט ווי די יויך דאָרט אין טאָפּ
און קאָכט זיך אַ גאַנצן פרימאָרגן.

און ווען מאַן און ווייב זיינען שלאָפן אַוועק
האָט דער אַמפּער געדויערט ביז שפּעט.
האָט אַרקע דערהערט וועגן פייסע מעלאַמעד
און זיין האַרץ האָט געציטערט פאַר שרעק.

זיבן-און-אַכציק

די קינדער באַ פּייסע מעלאַמעד אין כיידער
האָבן מיט אַרקען זיך ראַשיק דערפריידט,
בעאיים דער רעבע האָט מיט רייזלען געטיינעט
האָט מען אין דרויסן מילכאָמע צעשפּרייט.

איז דער רעבע ארוים מיט דעם פּימסענעם שטעקן
און אריינגעיאָגט כעוורע אין אַלקער,
זיי באַזעצט און באַשטילט אַרום דעמבענעם טיש
און דעם סידער געטאָן אַ צעוואַלגער.

האָט אַרקע געשריגן: דאָ פּאַסעך, דאָרט קאָמעץ,
נאָר געהערט ווי צעבראָכענע וועגענער פאָרן,
האָבן טאָפּלעס אַ קלונג געטאָן אויער —
ס'איז דער רעבע אין מויל אים פאַרפאָרן.

און ווען אַרקע האָט נאָז־בלוט דערזען
האָט ער רעוו און געוויין אָנגעהויבן,
זיך געוואָרפן אַף רעבן מיט הענט און מיט פיס
און אויסגעזעצט אַלע זעקס שויבן.

:: :: ::

ס'האָט זיך אַרקע אין שטאַל אויסבאַהאַלטן
ווען דער רעבע איז געקומען זיך קלאָגן,
ס'האָט די מאַמע פאַר שאַנדע געכליפּעט
און דער טאַטע האָט געפּילט זיך דערשלאָגן.

אַבט־און־אַבציק

בלויז דער זיידע איז באַפאלן מעלאַמעד
ווי אַ גאַזלען וואָס גייט אַף האַרזיגע:
— וואָס הייסט, דו צעבלוטיקסט מיין אייניק?
— ארוים פון מיין הויז, פלאַסקעדריגע!

— אויב לערנען מיט הענט, קען איך בעסער,
איך וועל אים שוין מאַכן געראָטן,
ער וועט באַ מיר זינגען די בראָכעס
אַז אַ ריך דיין מעלאַמדישן טאַטן!

און אין אָוונט איז אַרקע צום זיידן געקומען
זיך איינגנורען שטיל אין זיין בעט,
ס'האָט דער אַלטער געכראָפּעט אַ ניגן
באַגלייט פון די פרעש אין טשערעט.

:: :: ::

ס'האָט די מאַמע פאַרבראָכן דערשראָקענע פינגער
און דער טאַטע האָט פארכמורעט זיין שטערן,
ווען דער זיידע האָט געזאָגט יענעם שאבעס:
— אונזער אַרקע אַ קאָוואַל וועט ווערן.

און ווען געקומען איז אַרקעס באַר-מיצווע
האָט דער זיידע די שכיינעם גערופן,
באַ קאָוואַדלע זיך געשטעלט ווי אַ כאַזן
און צום האַמער דעם טאַכשיט גערופן.

האָבן אידן געלאַכט פון דעם אײנפאַל
און פאַרשטאַנען דעם אַלטנ׳ס באַגער.
האָט דער טאַטע פאַרבאָרגן זײַן שמײכל
און די מאַמע באַהאַלטן איר טרער.

און אַרקע איז געוואָרן אַ קאָוואַל,
און די קוזניע איז געוואָרן אים טײַער,
האָט זײַן האַמער געהילכט איבער דניעסטער
און ווי גינגאָלד געשפּריצט האָט זײַן פײַער.



# מיין זיידנ'ס
# א מייסע





# מיין זיידנס א מייסע

עס זיצט דער זיידע באַם גענײ,
סיליעט איין אַ נאָדל פאָדים
און איך זיץ באַ זיינע פים
מיט פאַרגאַפטן אָטעם.

און ער ציט די לאַנגע שטעך,
סטריגעוועט מיט ווייסן
און פון שמייכלדיקן מויל
קוועלט די שיינע מייסע:

— „אין וואַלד געגאַנגען נאָך אוישאַנעם
איז דער שאַמעס אויזער־שאַכנע
און אין טאָל אין שוידים־הייל
וואוינט די אַלטע באָבע־יאַכנע.

„שטייט דער שאַמעס באַ דער ריטשקע,
רייסט די צווייגלעך אין קאַפּאָטע,
מיטאַמאָל אַ ספּריטנער ריך
שפּרינגט אַרויס פון גרינער בלאָטע.

„נעמט דעם שאַמעס אָפּ דאָס לאָשן,
קען ניט שרייען : „שמאַ איסראָעל",
און דער טייפל כאַפּט קאַפּאָטע
און צעטאַנצט זיך איבער טאָל.

„און אַף בלעטערדיקע צווייגן
שפּילן שרייטעלעך אַף פליטן
און אַ מאַזיק נעמט דעם שאַמעס
טאַנצט אַ קאָזאַק אַ צעדרייטן.

„און פון סאָסנעס און פון דעמבעס
וואַקסן אויס דאָרט פּיפּערנאָטערס
און פון הייל אַ הונדערט שיידים
קומען אָן אַף בייזע קאָטערס.

„גלאָצט דער שאַמעס אויס די אויגן
און אַ שווייס פאַרגיסט זיין שטערן,
צווישן שיידים און ניט־גוטע
וועט אַ סאָף פון אים דאָ ווערן.

„מיטאַמאָל שלאָגט אויס אַ בערע
און עס ציטערט וואַלד און גראָז,
ס'קומט צופליען באָבע־יאַכנע —
פייער שפּריצט פון מויל און נאָז.

„און זי פּאַלט אַן אַפן שאַמעס,
און זי קנאַפּט אים און זי שעלט:
— ,שטיי שוין אויף, דו אַלטער טערעך,
כ'האָב שוין יויך אַף טיש געשטעלט.

„עפּנט אויזער-שאַכנע אויף די אויגן,
וויל ניט גלויבן וואָס ער זעט —
וואָס מיר שיידים, וואָס מיר ריכעס?
ס'שטייט זיין כאַנצי ביי זיין בעט.

„און ער הערט: עס שעלט זיין ווייב,
און ער פילט אַ יעדן קניפּ,
און פון קיך דערגייט דער טאַם
פון פלייש מיט בעבלעך און מיט קריפּ.



פינף-און-ניינציק

# אינהאַלט:



---

## דער טייטש פון פרעמד - ווערטער

באָיער — אַ פּאָריץ

דאָינע — אַ פּאַסטעך-ליד

מאָלדאָוואַן — בעסאַראַבער פּויער

סטינע — אַ שעפּסן-שייער

פּאַרניאַלע — אַ פאָלקס-ליד

פלויער — אַ דודע, אַ סאָפּילקע

צאַראַן — בעסאַראַבער פּויער

קאָטאָווסקי — בעסאַראַבער „טשאַפּאַיעוו“, העלד פון דער רויטער אַרמיי.

רויטע מאָלדאָווע — מאָלדאַווישע אַווטאָנאָמע רעפּובליק
אַף דער סאָוועטישער זייט
פון טייך דניעסטער